# נחום י.

(נחום יערוסאלימטשיק)

# פאבלען

געצייכענט פון א. אבראַמאָוויטש און לאָלא

# די געלערענטע קאַץ.

אַ מאַן האָט אומגעפיהרט אין מאַרק
אַ קאַץ, און ניט אַבי אַ וועלכע.
ס'איז זעלטען, ווען מען טרעפט גאָר קעץ אַזעלכע!
זי איז געווען געבילדעט שטאַרק,
און האָט געקענט זיך קוליען, שפּרינגען,
אַ לאַנגע צייט אַליין
אויף הינטערפיסלאך גען,
און אין אַ גלעקעל קלינגען.
אַזעלכע שטיק האָט זי געקענט אַ סך —
און האָט צום וואונק פאַרשטאַנען יעדער זאַך.
(מיט דעם
האָט זיך די קאַץ געמאַכט אַ גרויסען שם.)
דער עולם האָט געקוקט, געלאַכט —
און נייגעריג די קאַץ באַטראַכט
פון אַלע זייטען.
נאָר איינער, וועלכער איז געשטאַנען פון דער ווייטען,
איז באַלד אַוועק און האָט געבראַכט פון הויז

אַ פּאַסטקע מיט אַ לעבעדיגער מויז,
און האָט אַרויסגעלאָזט דאָס מייזעל, ווען די קאַץ
האָט, געהענדיג אויף הינטער פיסלאַך מיט אַ טאַץ,
ביי די אַרומיגע דאָרט געלט געקליבען.
ווי נאָר זי האָט דערזעהן דאָס מייזעל — באַץ!
האָט זי אָן דר'ערד אַ זעץ געטאָן דעם טאַץ.
ס'איז פון איהר בילדונג גאָר קיין זכר ניט געבליבען,
די אַלע קונצען זיינען גלייך ביי איהר
פון קאָפּ אַרויס —
זי האָט זיך פלינק אויף אַלע פיער
געלאָזען נאָך דער מויז...

---

מען טרעפט אַזוינע לייט גאַנץ אָפט אין לעבען,
זיי האַלטען זיך אַזוי — וואָס בעסער קען ניט געבען,
צו זייער בילדונג, דאַכט זיך, איז ניטאָ קיין שאַץ,
דאָך זיינען זיי ניט בעסער פון דער קאַץ.



זי האָט זיך פלינק, אויף אַלע פיער, געלאָזען נאָך דער מויז.

# דער הונט און דער וואָלף.

אַ הונט וואָס האָט געהאַט ביים פויער
ניט שלעכטע קעסט —
און אויך א ביידעל הינטער טויער
אין צייט פון גרויסע פרעסט,
האָט זיך אַמאָל צום הונגעריגען וואָלף געוועגדט:
„מיר דאַכט, איך וואָלט, ווי דו, גאָר לעבען ניט געקענט!
דו ביסט דאָך שוין אַ וועלפעל ניט קיין יונגער
און ווייסט דאָך גוט די וועלט,
פאר וואָס זאָלסט דו דאָס שטענדיג ליידען הונגער
און ציטערען פאַר קעלט?
איך גיב ביי זיך גאַנץ אָפט אַליין
אַ פרעג:
דו האָסט דאָך, וואָלף, אַזוינע ציין,
וואָס וואַרפען אָן אויף אַלעמען אַ שרעק —
דאָך לעבסט דו אָפּ דיין לעבען אין געפאַר,
אין הונגער און אין צער.“
— „מען רופט דיך הונט, — און ווייסט פאַר וואָס?“ —

האָט אָפּגערופען זיך דער וואָלף מיט גרוים פאַרדראָס —
„ווייל פאַר אַ ביינדעל, וואָס מען וואַרפט אַרוים
פון הויז —
איז רעכט ביי דיר צו דרעהען מיט'ן עק
און וואַרטען גאַנצע טעג
אויף אַלע הויפען.
און איך, ווי גרוים עס זאָל ניט זיין מיין נויט —
וועל פאַר אַ שטיקעל ברויט
מיין פרייהייט ניט פאַרקויפען...״



# די הונגעריגע פליג.

אַ הונגעריגע פליג
וואָס איז פון צימער אין דער קיך
און אויף צוריק
אַ גאַנצען טאָג אַרומגעפלויגען,
ניט קריגענדיג פאַר זיך
קיין ברעקעל שפייז, מיט וואָס זיך צו דערקוויקען, —
דערזעהן האָט אויפ'ן טיש פון ווייטען:
אַ פולער טעלער צוקער שטעהט.
מען קען פאַרשטעהן,
ווי זי האָט זיך דערפרעהט.
פון איבערראַשונג האָט זי קוים אַליין
געגלויבט גאָר איהרע אויגען.
מיט שאַרפע בליקען
האָט זי אַרומגעקוקט זיך שנעל אויף אַלע זייטען, —
און ווי א פייל פון בויגען,

האָט זי צום צוקער האַסטיג זיך געטאָן אַ לאָז...
דער צוקער אָבער איז געשטאַנען אונטער גלאָז...
און אונזער פליג, וואָס האָט צום מאָלצייט זיך געקליבען
האָט זיך אַזוי צוקלאַפּט, אַז זי איז נעבאַך דאָרט
אַ טויטע אויפ׳ן אָרט
געבליבען...

---

אויך מענשען, שטרעבענדיג צום גליק —
באַקומען אָפטמאָל אַזאַ סוף, ווי יענע פליג...



## דער יונגער בוים.

געוואַקסען האָט אַ יונגער בוים אין וואַלד.
פון איהם ניט ווייט געשטאַנען איז
אַ דעמב אַ ריעז,
וואָס איז געוועזען אַלט, —
און האָט די צווייגען ווייט
צעשפּרייט אין יעדער זייט.
און האָבענדיג צום דעמב גאָר גרויסען אַכט,
פלעגט רוישען אָפט דער יונגער בוים פאַרטראַכט:
— „איך וויים, עס לוינט מיר ניט צו וואַקסען און צו בליהען:
דען זאָל שוין זיין, אַז איך וועל אויך מיט יאָהרען שפּעטער
באַקומען מעהרער בלעטער —
און ווערען מעכטיגער און שענער,
וועל איך זיך קענען דען פאַרגלייכען
צום דעמב צום ריעזיגען און רייכען?
איך וועל פון איהם דאָך מוזען בלייבען קלענער, —
ווי הויך איך זאָל צום הימעל זיך ניט ציהען...”

אַ גרעזעל, וועלכעס האָט געוואקסען אונטער בוים
און האָט פון דר'ערד אַרויסגעזעהן זיך קוים —
האָט איהם געענטפערט שטילערהייט:
„נו זאָג איך דיר,
אַז נאַריש זיינען דיינע רייד.
דו דאַרפסט זיך גאָרניט קלאָגען;
אַ ביישפּיל נעם פון מיר:
איך בין דאָך גאָר אַ גרעזעלע אַ קליינס, —
נאָר כ'וויים אַז עפּעס האָב איך דאָך אין זיך אַזוינס,
וואָס יענער גרויסער דעמב וועט ניט פאַרמאָגען."



## די גאַנז און דער האָז.

אַ גאַנז האָט זיך געפּאַשעט אויף די גראָז
מיט איהרע גענזעלאַך די קליינע.
פון ערגעץ וואו אַרויסגעשפּרונגען איז אַ האָז,
צו אָנקוקען די וועלט די שענע.
ס׳איז גרין אַרום געווען
און וואַרעם...
ווי נאָר די גאַנז האָט איהם דערזעהן,
וו־נו, האָט זי דאָס אויפגעהויבען דאָרט אַ ליאַרעם!
האָט אויסגעשטרעקט פאָראויס
דעם האַלז אין גאַנצער גרויס,
געלאָזט זיך לויפען מיט אַ כריפּען
און שיפּען,
גאָר גלייך, ווי מען וואָלט איהר געשניטען.
אין מיט דעם קורצען עק
געדרעהט, אַ שרעק,

דער אויבערשטער זאָל היטען!
—וואַרט אויף—האָט איהר דער האָז אַנטלויפענדיג געשריען,
,,געגוג דיר שוין, דו בייזע גאַנז, דיין האַלז צו ציהען,
און זאָל זיך דיר ניט דאַכטען —
אַז אַלע טראַכטען
אַ שאָדען בריינגען דיר, צי דיינס אַ קינד.
עס מאַכט דיין נאַרישקייט דיך בלינד!"

---

און שטענדיג דאַכט זיך אַלין דעם נאַר,
אַז ער איז אין געפאַר.
דעריבער לאָזט ער הערען אָפט זיין שטים
אויך דאַן, ווען קיינער טראַכט גאָר ניט פון איהם.




נו, נו, האָט זי דאָס אויפגעהויבען דאָרט אַ ליאַרעם!

# דער טייך און דער קוואַל.

אַ טייך,
וואָס איז געווען אין וואַסער רייך
און האָט צום ים זיך שטאָלץ געטראָגען,
האָט זיך אַמאָל געווענדט מיט גאוה צו דעם קוואַל,
וואָס האָט באַשיידען און פאַרקלערט
פון דר'ערד
געשלאָגען:
„מיר דאַכט, איך וואָלט גאָר ניט געקענט צופרידען זיין
און אָפּשפּיגלען אין זיך פון העלען שטראַל
דעם שיין,
ווען איך וואָלט אויך, ווי דו, געווען שוואַך און שטיל.
אויב איך בין שטאָלץ—פאַרמעג איך וואַסער אין זיך פיל;
און פריהלינגס צייט
צוגים איך זיך אויף מיילען ווייט:
און יעדע זאַך, וואָס שטעהט מיר נאָר אין וועג —
טראָג איך אין מיינע שטראָמען באַלד אַוועק.
איך שוים, איך ברויז,

פון מיינע ברעגען רייס איך זיך אַרויס —
און וואַרף אויף אַלעמען אַ שרעק,
באַווייזענדיג מיין מאַכט.
און דו? ווי לאַנג זאָלסט ניט פליסען —
וועט קיינער דאָך פון דיר ניט וויסען...״
— „מיר דאַכט,״
האָט אָפּגעענטפערט איהם דער קוואַל פאַרטראַכט,
„אַז ווײַלע איך בין קליין,
דעריבער בין איך ר י י ן, —
און ס׳טויג מיין וואַסער אויף צו טרינקען.
מיין נאָמען וועט, ווי דיינער, אויף דער וועלט ניט קלינגען,—
נאָר איך וועל אָבער שטענדיג אין דער שטיל
אַרויסברייינגען מיין וואַסער פריש און קיל.
און צווישען אונז גערעדט,
אין דיינע ברייטע שטראָמען וואַשט מען אָפּטמאָל גרעט״...



## דער זשוק און דער שמעטערלינג.

אַ זשוק, וואָס האָט געלעבט אַ צייט
צוזאַמען מיט אַ שמעטערלינג אַ שענעם
(ס'הייסט אייגענטליך ניט גאָר אין איינעם,
נאָר ביי דעמזעלבען בוים ניט ווייט),
האָט איינמאָל מיט זיין שכן זיך געטראָפען
און האָט צורעדט זיך פון דער קומענדיגער קעלט,
פון ווינטער. נאָכדעם האָט ער הויך
גענומען רעדען אויף דער וועלט, —
און אויך
גענומען שטראָפען
דעם שמעטערלינג אַליין:
— „איך קען גאָר ניט פאַרשטעהן
און בעט, דו זאָלסט מיר זאָגען,
פאַר וואָס זאָלסטו זיך שטענדיג טראָגען
אַליין
אַהין און הער אָהן ציעל,
און סוף כל סוף זיך ביי אַ ליכט

פאַרברענען פליגעל און געזיכט.
דו האַלטסט, ווייזט אויס, דאָס לעבען פאַר אַ שפּיל.
ביי מיר קומט אויס, מען דאַרף פון פייער ווייכען,
צו זיך, פאַרשטעהסט דו, קען איך דיך דאָך ניט פאַרגלייכע ;
דען גיב אַ קוק, ווי איך בין פעט און דיק. —
נאָר נעם דעם ביישפּיל פון אַ פליג.
איך האַלט דיך גאָר ניט ערגער פון די פליגען.
דו קענסט דאָך אויך, ווי זיי, ביי יעדען בערגעל מיסט
דיין לעבענס-מיטעל קריגען,
און ניט ביים פייער אומקומען אומזיסט...״

— „מיין ליעבער זשוק, —״
האָט איהם דער שמעטערלינג געענטפערט שטיל,
— „ווען דו וואָלסט טיפער טאָן אַ קוק,
מיט מעהר געפיהל
וואָלסטו פאַרשטעהן, געוויס,
אַז ס׳איז
דיין עצה מיר ניט נויטיג.
דען כ׳קען ניט לעבען דאָרט, וואו פינסטער איז און קויטיג.״



צו זיך, פאַרשטעהסט דו, קען איך דיך דאָך ניט פערגלייכען
דען גיב אַ קוק ווי איך בין פעט און דיק...

# דער טאָפּ און דער קרוג.

אַ טאָפּ מיט הייסע וואַסער, וועלכער האָט
געקאָכט, געזאָדען און געשפּריצט
(ער איז געשטאַנען אין אַן אויוועז ווייט —
און איז פון פלאַם געוועזען שטאַרק צוהיצט).
האָט זיך אַמאָל געווענדט מיט שפּאָט
צום קרוג מיט קאַלטע וואַסער, וועלכער איז אין קיך
געשטאַנען זיך
גאַנץ רוהיג ביי אַ ווינקעל אָן אַ זייט:
— „דו זעה נאָר צו דעם אונטערשייד פון מיר —
ביז דיר.
מען האָט דאָך אָנגעפילט אונזביידען גלייך
מיט וואַסער פון דעמזעלבען טייך;
איז איך — איך רויש און זיד, און קאָך...
און דו? ס'איז דאָך
אַ חרפּה און אַ שאַנד,
ביזט שטענדיג אין דעמזעלבען שטאַנד!"

— „דו ביזט ניט קלוג
גענוג“,
האָט איהם געלאַסען אָפּגעענטפערט דאָ דער קרוג.
„ניט זיי מיט זיך אַזוי צעפרידען:
זאָלסט וויסען —
וואָס שטאַרקער דו וועסט זידען, —
אַלץ מעהרער וועסטו זיך אַליין פאַרגיסען.“

---

עס זיינען דאָ אַזוינע מענשען פיל,
וואָס זיינען שטאָלץ מיט זייער טומעל און געשריי.
וועל איך אייך זאָגען אין דער שטיל, —
אַז ס׳איז די פאַבעל אָנגעווענדט אויף זיי...



# די פליג אויף א חתונה.

מען האָט פון שטוב אַוועקגעפיהרט די חתן כלה;
פאַרשטעהט זיך, אַז ניט אַלע
געגאַנגען זיינען צו דער חופּה זיי באַגלייטען:
מען דאַרף דאָך פאַר די געסט די טישען גרייטען!
אַ פליג, וואָס האָט פון קליינוויז אויף
זיך אויפגעהאָדעוועט אין יענעם הויף —
איז אויך אין שטוב פאַרבליבען,
מיט די וואָס האָבען דאָרט די טישען צוגעקליבען.
(אָהן איהר, האָט זי געמיינט, וועט מען זיך ניט באַגעהן.)
מען קען פאַרשטעהן,
ווי גרויס
דער טומעל איז געוועזען דאָרט אין הויז,
ווייל אין אַ קורצער צייט
איז שווער אַלץ אָנצוגרייטען פאַר אַזוי פיעל לייט.
די סאַרווערס זיינען אומגעלאָפען הין און הער,
די פליג האָט נאָכגעטאָן זיי יעדען ריהר און קער:
באַגלייט ביז דער טיר פון קיך,
דערנאָך אויף גיך
צוריק צום טיש,
פאַרזוכט די פיש,
געגריבעלט זיך, געשנאָרעט

אין יעדער זאַך געפּאָרעט,
געזשומעט מורא׳דיג דערביי —
אַרומגעקוקט דעם אויבען אָן
און ווידער פון דאָס ניי
אַרום די טישען זיך געדרעהט.
הכלל — זי האָט געהאַוועט און געטאָן...
ווען אַלץ איז שוין געוועזען גרייט,
האָט זיך די פליג (געוועהנליך ביי אַ פולער שיסעל)
ערלויבט צו אָפּרוהען אַביסעל
און האָט אַ זאָג געטאָן: — „נו, דאַנקען גאָט, מיט גליק,
זיי מעגען קומען שוין צוריק;
ס׳איז דאָ אַלץ פאַרטיג אויף דעם שענסטען אופן,
נאָר לאָמיך זיי אַנטקעגען לויפען:
איך קען זיי דאָרטען אויך געוויס
אַרויסהעלפען מיט וואָס עס איז"...
און אַ צעפרידענע מיט זיך
און מיט דער אַרבייט, וואָס זי טוט פון לייטענס וועגען, —
איז זי אויף גיך
אַוועקגעפלויגען זיי אַנטקעגען...



# דער יונגער האָהן.

אַ יונגער האָהן, וואָס איז געווען ענטציקט
פון דעם, וואָס ער האָט אָנגעהויבען קרעהען,
אַרויף איז אויף אַ פּלויט ביים וועג, וואו אַלע געהען,
און רופט: „קומט אַלע, הערט, ווי גאָט האָט מיך באַגליקט!
הערט אוים מיין טאָן,
מיין קלאַנג.
איך גלויב, איהר וועט מיך זעצען אויבען אָן
פאַר מיין געזאַנג.
מען הערט גאָר ניט אַזוינע טענער
ביי אַלע אַלטע העהנער!"

אויף הערען עפּעס נייס איז דאָ אַ סך בעלנים.
געוועהנליך, האָבען זיך געפונען היבש נאַראָנים,
וואָס האָבען אָפּגעשטעלט זיך אויסהערען דעם העהנדעל.
דער יונגער האָהן באַטראַכט
האָט אַלעמען גאַנץ שאַרף,

עטוואָס נאָך מיט פאַראַכט.
(אַ קליינינקייט, אַ קרעה אַ רענדעל !)
און שטאָלץ אַוועקגעשטעלט זיך, ווי מען דאַרף,
און מיט די פליגלען אָנגעקלאַפּט.
נאָר דאָ... ווייזט אויס, פון אויפרעגונג און שרעק
האָט איהם דער אָטעם גאָר פאַרכאַפּט.
און ווי דער העהנדעל האָט זיין קעפּעל ניט געצויגען,
פאַרמאַכט און אויסגעגלאָצט די אויגען,
אראָפּגעלאָזט און אויפגעשטעלט דעם עק, —
אַרויסברייננגען אַ טאָן
איז דאָך איהם ניט געלונגען.
און בלייבען שטיל איז דאָ מיין האָהן
געווען נעבאך געצוואונגען....




און בלייבען שטיל איז דאָ מיין האָהן
געווען נעבאך געצוואונגען...

## דער שפין און די בין.

אַ שפּין,
וואָס האָט זיין נעץ צעשפּרייט
אין גאָרטען צווישען בלומען אויף אַ בייט,
האָט איינמאָל אין אַ שפּאַס
(און אפשר קען זיין, — מיט אַ טיפען האַס),
געווענדט זיך צו דער בין:
— „דו פליהסט אַרום
אַ לעבען לאַנג
פון בלום צו בלום,
דו קלייבסט און קלייבסט דעם האָניג נאָכאַנאַנד —
און רעכענסט נאָך מיט דעם אַ דאַנק
ביי לייט און לאַנד
פאַרדינען.
אַ קלייניגקייט, דו ברייננגסט דאָך נוצען אַזוי פיעל!
ווער איך דיר זאָגען אין דער שטיל,
אַז דיך ווער מען ניט האָבען גאָר אין זינען, —
ווען מענשען וועלען ווען עס איז

דיין האָניג עסען.
און מעג דיין האָניג זיין ווי זים —
אַלץ איינס וועט מען דיר ניט פאַרגעסען,
וואָס דו, פאַרהיטענדיג דיין אייגענס, צי דיין לעבען,
האָסט עמיצען אַמאָל אַ ביס געגעבען.
דו ווייסט דאָך דאָס גלייכוואָרט געוויס:
„מען דאַרף דיין האָניג ניט — און ניט דיין ביס...”
נו, האָט דיין אַרבייט דען אַ זין ?...”
— „איך טראַכט ניט קיינמאָל פון קיין ציעל,”
האָט אויפריכטיג און שטיל
געענטפערט איהם די בין, —
„אַליין מיין אַרבייט איז פאַר מיר א פארגעניגען.
און ווידער, ריידענדיג צוריק —
זעה איך ניט איין דעם גרויסען גליק
וואָס דו געפינסט אין כאַפּען פליגען”...

